י׳ ווינעצקי




אַפאָריזמען, עפּיגראַמען און פּאַראַפראַזן



ISBN:0-657-12184-3

יוסף וויניעצקי

# אויף ביבלישע מאטיוון

## אַפּאָריזמען, עפּיגראַמען און פּאַראַפראַזן

דעם ליבן אָנדענק פון מיין
פאָטער יצחק ע״ה געווידמעט.

אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג „דער וועג", מעקסיקע, ד. פ. 1939

"Oif biblishc motivn"
Aforismos bíblicos
por J. Winiecki
Editado por "El Camino"
— 1939 —

* *
*

די וימש־חושכדיקע נאַכט, אין וועלכער מיר לעבן, האָט מער ווי ביי איינעם פון אונזערע שרייבער און דענקער דערוועקט דעם געדאַנק וועגן צורקגייען אין געטאָ.

איניקע האָבן דעם רוף אויפגענומען בוכשטעבלעך. דאָס איז זיכער אומזין. נאָך דעם ווי מיר האָבן אַזוי פיל כוחות אָנגעשטרענגט צו צעברעכן די געטאָ־ווענט, וואָלט פשוט געווען פאַרברעכעריש זיך דאָרט ווידער צו פאַרקלייבן.

אויב אָבער דער געדאַנק פון צוריקקערן אין געטאָ מיינט פאַר־טיפונג, מיינט ווערן מער אידישער, מיינט פאַראַפּראַזירן דאָס אַל־טע און נייע אידישע אידייען, מיינט אַריינגיסן דעם אַלטן וויין אין נייע כלים, דעמאָלט וועט דער רוף צוריק צום געטאָ זיכער געפינען אַ ווייטן און טיפן אָפּקלאַנג אין דער אינטעלעקטועל ־ אידישער וועלט.

אויף אַלע ראַנגאַטקעס פון דער וועלטלעכער קולטור שטייען היינט אויסגעשטעלט אַרמייען גאַנצע און לאָזן נישט דורך קיין וואַנדערער מיט אידישע פּאַספּאָרטן. ס'איז דעריבער צוועקלאָז דאָס שפּאַרן זיך אַהינצו, ס'איז דעריבער נוצלאָז און אפילו שעדלעך דאָס וועלן דווקא זיין ככל הגוים.

דער אידישער וועג איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק שוין אָנגעצייכנט

און מער ווי צייטווייליק שפרייזן אויף אַנדערע וועגן — לאָזט מען אונז נישט און — צוואָוואָס זיך שפּאַרן אַהין פון וואַנען מ׳שטויסט צוריק?

גרויסע שאַפונגען קאָנען סיי־ווי נישט בלייבן אין געטאָ. אויב די אידיי איז פּאַר דער גאַנצער וועלט, וועט די וועלט צו דער אידיי שוין קומען, ווען אפילו די אידיי ווערט געשאַפן אין די ד׳ אמות פון אייגענעם, גייסטיקן געטאָ.

דער תנ״ך איז די באַשטעטיקונג דערצו.

האַלטן דען די קריסטן נישט הייליק דעם תנ״ך פּונקט ווי מיר?

און דער תנ״ך איז דאָך אַ שאַפונג פון יענעם גרויסן אידיש־גייס־טיקן „געטאָ״ פון מיט דריי טויזנט יאָר צוריק.

איז אָבער די צרה מיט אידן, וואָס דווקא מ י ר ווייסן צום ווייניקסטנס וואָס מיר פאַרמאָגן, וואָס מיר האָבן געשאַפן.

אַ קולטורעלער קריסט ווייסט מער וועגן תנ״ך ווי אַ דורכשניטלע־כער איד.

און אונזער יוגנט — ווייסט זי עפּעס פיל פון גרעסטן ווערק וואָס איז דאָ אין דער וועלט, וועלכעס אידן האָבן געשאַפן?

---

יוסף וויניעצקי קומט נישט מחדש זיין קיין חידושים מיט זיין ביכל „אויף ביבלישע מאָטיוון״ (חוץ די אַפּאָריזמען פון תנ״ך, וועלכע זיינען אַ נייעס אויף אידיש).

פיל מער קען איינער, וואָס וועט זיך אָוועקזעצן שטודירן דעם תנ״ך מיט התמדה, דערגיין פון אָריגינאַל.

מ׳האָט אָבער ווייניק פּראָפּאַגאַנדירט דעם ווערט פון אונזער אוצר. מ׳האָט ווייניק ליבע פּארפּלאַנצט צום גרעסטן ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור און דאָס דאָזיקע ווערק איז דעריבער געבליבן פרעמד די ברייטע אידישע מאַסן.

יוסף וויניעצקי, מיט זיין ארבעט „אויף ביבלישע מאָטיוון״, האָט דעריבער אין דער ערשטער רייע אַ פאַרדינסט דערמיט, וואָס ער וועט אָנרעגן די אידישע מאַסן זיך צו באַקענען מיטן אָריגינאַל פון דער גרויסער שאַפונג פון אונזערע נביאים און געזעץ-געבער, מיט זייער מאָראַל און ליבע צום אידישן פאָלק, מיט זייער אַרט דענקען און ליבע ווי זיך צו באַציען צום מיטמענטשן.

און ווען דאָס וועט, דורך ד ע ר ארבעט, דערגרייכט ווערן, וועט עס זיין די גרעסטע סאַטיספאַקציע פאַרן מחבר.

דער וועג צום גייסטיקן געטאָ איז צוריק אָפן און אויף אים שפּרייזן היינט גרויסע אידישע גייסטער.

יוסף וויניעצקיס „אויף ביבלישע מאָטיוון״ איז איינער פון די טריט אויף אָט דעם וועג.

מ. ראָזענבערג.

# איינלייטונג

דאָס פאָרליגנדיקע ביכל איז אַ באַשיידענער פּרואוו פון אַ געוואַגטער אונטערנעמונג, איבערצוגעבן דעם תמצית פון תנ״ך אין אידיש.

צו דעם צוועק האָט דער מחבר אויסגעקליבן כאַראַקטעריסטישע, לאַקאָנישע שטעלן פון אַלע טיילן פון תנ״ך און זיי איבערגעזעצט אין אַ פאָלקסטימלעכן אידיש, אין אַ ריטמישער פאָרם.

וואָס האָט דעם מחבר סטימולירט צו דער אונטערנעמונג, וועלכע איז, ווי אויבן געזאָגט, אַ געוואַגטער פּרואוו? — לאָמיר זיך קודם כל קלאָר מאַכן: וואָס איז אייגנטלעך דער תנ״ך אין זיין מהות?

א.— דער תנ״ך איז אַ מאָנומענטאַל היסטאָריש ווערק. דער תנ״ך איז אַן אומגעהויערברייט פעלד, וועלכן אונזערע היסטאָריקער (צונץ, גייגער, גרעץ, דובנאָוו א. אַ.) האָבן גרינטלעך באַארבעט און עס איז בכלל שווער זיך פאָרצושטעלן אידישע געשיכטע אָן דעם תנ״ך אַלס פונדאַמענט.

ב.— דער תנ״ך איז אַן עטיש-פילאָזאָפישער טראַקטאַט, וועלכער שפּיגלט אָפּ די אידישע וועלט-אויפפאַסונג פון דער וועלט-באַשאַפונג אָן ביז די עקסטרעמסטע סאָציאַלע אידייען פון די נביאים. אויף דעם געביט איז דער תנ״ך אַ קוואַל פאַר פילאָזאָפישע אויספירונגען פון אַלערליי ריכטונגען, אָפטמאָל קעגנזעצלעכע, אָבער וואָס דרייען זיך אַרום איין אַקס: גערעכטיקייט (צדק, צדק תרדף).

ג.— דער תנ״ך איז א רעליגיעזער קאָדעקס. דאָס אידישע פאָלק האָט אין זיין אייגנטימלעך נאַציאָנאַלן לעבן נישט קיין אַנדער קאָנסטיטו־ציע ווי דעם תנ״ך. (דער תלמוד און די מפרשים זענען געבויט אויפן יסוד פונם תנ״ך).

ד.— דער תנ״ך איז אָבער נאָך עפּעס, וואָס ביי די אומות העולם איז עס מיט פיל אַכט אויפגענומען געוואָרן. דער תנ״ך איז אין אַלע שפּראַכן איבערגעזעצט און פון אַלע פעלקער פאַרהייליקט געוואָרן און דינט אַלס יסוד פאַר אַלע הויכע מאָראַלישע ווערטן אינם מענטשלעכן לעבן און פון זיין פאָרם־שטאַנדפּונקט אין די אויגן פון דער וועלט פאַררעכנט אַלס דאָס גרעסטע מייסטער-ווערק. אָט דער מאָמענט איז ביים אידישן פאָלק ו ו י י נ י ק אָפּגעשאַצט געוואָרן.

דער תנ״ך איז א מאָנומענטאַל פּאָעטיש ווערק און נאָר מיט א פּאָע־טיש אויג קאָן מען דעם תנ״ך דורכדרינגען און נאָר א מוזיקאַליש אויער קאָן דעם ביבלישן קלאַנג אַרויסצויבערן.

דערפאַר איז די אויפגאַבע פונם מחבר פון דעם ביכל א באַגרענעצטע. נישט דעם תנ״ך איבערצוזעצן און געוויס נישט איבערדיכטן, דאָס האָבן שוין טיילווייז געטאָן אַנדערע (יהואש) און אַנדערע ו ו ע ל ן נ אָ ך געוויס ממשיך זיין.

---

עס האָט אַמאָל אַן ענגלישער מיסיאָנער צום ערשטן מאָל דערלאַנגט דעם תנ״ך א ווילדן נעגער אין די אפריקאַנישע וויסטעניש. דער נעגער האָט צוגעלייגט זיין אויער צום תנ״ך און אויף דער פראַגע, וואָס ער הערט, האָט דער נעגער געענטפערט: געזאַנג!

דער מחבר פון דעם ביכל האָט געפּרוואווט באַרירן עטלעכע סטרו־נעס פון דעם וואונדערלעכן אינסטרומענט און אַרויסצוי־בערן פון אים עטלעכע מאָטיוון, היימישע, פאָלקסטימלעכע, אידיש־לעכע.

דאַכט זיך, אַז דאָס האָט געפעלט און דאָס איז געווען דעם מחברס כוונה.

**דער מחבר.**

# באַמערקונג

דאָס ביכל „אויף ביבלישע מאָטיוון" איז צוליב אידייאישער רעפּ־לעקסיע פאַרטיילט אין פינף טיילן: 1. — נאַציאָנאַלע מאָטיוון; 2. — סאָציאַלע מאָטיוון; 3. — רעליגיעזע מאָטיוון; 4. — עטישע מאָטיוון און 5. — עפּאָס.

עס איז שווער, אייגנטלעך, אָפּצוטיילן איינע פון די אַנדערע. די רייד פון די נביאים אַנטהאַלטן אין זיך א ל ע עלעמענטן. די ריכט־ליניע ביים פאַרטיילן איז העריבער געווען, וועלכער עלעמענט עס איבערוועגט; אַלנפאַלס איז אַזאַ פאַרטיילונג מער א סוביעקטיווע ווי אַן אָביעקטיווע, ווייל אַנדערש קאָן עס גאָר נישט זיין.

י. ה.

הסנה בוער באש והסנה איננו אכל (שמות ג, ב)

**יאָרן, יאָרן ברענט דער דאָרן,**
**ווערט פון פלאַמען נישט פאַרצערט,**
**אַ פאלק, אין פייער געלייטערט,**
**קומט נישט אום פון שווערד!**

---

ונשא נס לגוים ואָסף נדחי ישראל ונפצות יהודה יקבץ מאַרבע **כנפות** הָארץ. (ישעיהו יא, יב)

**עס פלאַטערט די פרייהייט-פאָן,**
**די גאולה זאָגט זי אָן:**
**ווידער אַ פארבאנד**
**צווישן די צעשיידטע**
**דורך דורות, פאָלק און לאַנד.**

---

בשמחה תצאו ובשלום תובלון, ההרים והגבעות יפצחו **לפניכם רנה** וכל עצי השדה ימחאו כף. (ישעיהו נה, יב)

**באַרג און טאָל**
**וועלן מיט אייך זיך געזעגענען;**
**בוים און בלום וועלן זינגען,**
**מיט פרייד אייך באַגעגענען.**

סלו סלו, פנו דרך, הרימו מכשול מדרך עמי (ישעיהו נז, יד)

פלאַסטערט אויס אַלע וועגן,
פאַר מיין פאָלק
יעדן שטיין פונם וועג
נעמט אַוועק.

---

למען ציון לא אחשה ולמען ירושלים לא אשקט, עד יצא כנגה צדקה וישועתה כלפיד יבער! (ישעיהו סב, א)

איך וועל וועגן ציון נישט רוען,
וועגן ירושלים — נישט שווייגן,
צום מזרח מיינע בליקן וועל איך ווענדן;
ביז אַ ליכט וועט הידער שטייגן,
ווי אַ פאַקל בלענדן!

---

לא יבנו ואחר ישב, לא יטעו ואחר יאכל (ישעיהו סה, כב)

גענוג שוין הייזמען
פאַר אַנדערע געבויט,
גענוג שוין וויינגערטנער
פאַר אַנדערע געפלאַנצט
און פאַר זיך — נויט!

---

מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי. (ירמיהו ח, כג)

מיין קאָפּ — פול מיט וואַסער זאָל ווערן,
מיינע אויגן — טייכן טרערן;
די געפאַלענע פון מיין פאָלק
וואָלט איך באַוויינען טאָג און נאַכט,
איך וואָלט וויינען נישט אויפהערן,
ביז מיין טרערן־קוואַל,
זאָל אויסגעטריקנט ווערן!

---

והיה אחרי נתשי אותם, אָשוב ורחמתים והשִׁיבותים איש לנחלתו ואיש לאַרצו. (ירמיהו יב, טו)

איך האָב זיי פאַרלאָזן,
דאָך וועל איך מיט רחמים זיך אומקערן צו זיי,
ווידער זיי אויסשטרעקן אַ האַנט,
צוריק אויף זייער ערד באַזעצן,
צוריק אויף זייער לאנד.

---

הוי רועים, מאַבדים ומפיצים את צאן מרעיתיו.
(ירמיהו כג, א)

ווייי צו דער סטאַדע אין פעלד,
פון די פאַסטוכער פאַרלאָזן —
די שעפעלעך ווערן צעשפּרייט
און א שעפעלע נאָך אַ שעפעלע פעלט.

---

עוד אבנך ונבנית בתולת ישראל. (ירמיהו לא, ג)

מיין לאַנד, וועסט נאָך
אויפגעבויט ווערן צוריק;
מיין פאָלק, וועסט נאָך באַנייען
דיין יוגנטלעך גליק!

---

קול ברמה נשמע, נהי בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה, מאנה להנחם על בניה. (ירמיהו לא, יד)

עס הערט זיך אַ יאָמער,
עס קלינגט אָפּ אין לופט,
רחל די מוטער —
די קינדערלעך רופט:

— מיינע קינדער!
כיזע אייער טרויער,
איר ווערט געפייניקט, געפּלאָגט!
רחל די מוטער די קינדער באַקלאָגט:

— איך קאָן שוין נישט הערן
קיין טרייסטווערטער מער —
נישטאָ שוין קיין טרייסט,
פאַר מיין ביטערער טרער!

עס הערט זיך אַ יאָמער,
עס קלינגט אָפּ אין לופט,
רחל, די מוטער —
די קינדערלעך רופט.

---

מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה, כי יש שכר לפעולתך. (ירמיהו לא, טו)

מיין פֿאָלק, קלאָג שוין נישט מער,
וויש אויס פֿון דיין אויג די טרער,
עס קומט דער טאָג, ער ברענגט דיר גליק פֿאַר דיינע לייד,
פֿאַר דיין צער — פֿרייד!

---

יש תקוה לאחריתך — ושבו בנים לגבולם (ירמיהו לא, טז)

ס׳איז דאָ אַ האָפֿנונג,
ס׳איז דאָ אַ וועג;
קינדער וועלן זיך אומקערן אַהיים,
דערגרייכן צו אַ ברעג.

---

עוד יקנו בתים ושדות וכרמים בָארץ הזאת (ירמיהו לב, טו)

עס וועט נאָך די אידישע האַנט,
קויפֿן הייזער, זייען פֿעלדער
און פֿלאַנצן וויינגערטנער.
אינם אידישן לאַנד.

---

כאשר הבאתי אל העם הזה את כל הרעה הגדולה הזאת, כן אָנכי מביא עליהם את כל הטובה אֲשר אָנכי דובר עליהם (ירמיהו לב, מב)

די צרות האָב איך אייך געבראַכט,
וועל איך אייך דאָך ווידער צוריק,
(עס איז אין מיין מאַכט)
אומקערן אייך אייער גליק!

---

והשיבותי את שבות יהודה ואת שבות ישראל (ירמיהו לג, ז)

די געפאַנגענע פון יהודה
ברענג איך צוריק אויף דער פריי,
און בלייב מיינע קינדער, ישראל
אויף אייביק, ווי אַ פאָטער, געטריי.

---

וירש ישראל את יורשיו. (ירמיהו מט, ב)

ישראל וועט דערהויבן זיך
און אויפשטיין נאָך פון שטויב,
פון די רויבער זיינע וועט ער
נאָך אָפּנעמען זיין רויב!

---

זרעו לכם לצדקה, קצרו לפי חסד! (הושע י, יב)

אַ פאָלק, וואָס האָט געליטן,
זאָל זייען גוטע זיטן
און שניידן יושר-בליטן.

---

זקניכם חלומות יחלומון, בחוריכם חזיונות יראו. (יואל ג, א)

עס וועט קומען אַ צייט
און אייער גייסט
וועט ווערן באַנייט!
באַגייסטערטע וועלן וואַקסן,
זיך מערן —
עס וועלן אַלטע לייט זען חלומות
און וויזיעס — יונגע וויזיאָנערן.

---

ושבתי את שבות ישראל ובנו ערים נשמות וישבו ונטע כרמים
ושתו את יינם ועשו גנות ואָכלו את פריהם. (עמוס ט, יד)

איך וועל דיך אומקערן, מיין פאָלק ישראָל,
צוריק אין דיין לאַנד;
בויען שטעט און פלאַנצן גערטנער
וועט דאָרט ווידער דיין האַנט;
גליקלעך וועסטו זיין!
דיינע פירות וועסטו עסן,
טרינקען דיין וויין!

---

ונטעתים על אַומתם ולא ינתשו עוד מעל אדמתם (עמוס ט, טו)

און איך וועל אייך פאַרפלאַנצן
צוריק אין אייער לאַנד,
אז ס'זאָל אייך נישט ארויסרייסן מער
קיין פאַרברעכערישע האַנט.

---

בגת אַל תגידו, בכה אַל תבכו (מיכה א, י)

מיין פאָלק, שטיק אין האַלז דיינע טרערן,
ווײן נישט אויפן קול —
דער שונא וועט נאָך דערהערן — — —

---

עוד חזון למועד ויפח לקץ ולא יכזב. (חבקוק ב, ג)

נאָך נישט געקומען איז די צייט,
מען זעט נאָך נישט דעם סוף,
נאָך ווייט, נאָך ווייט — — —
דאָך קומען וועט דער טאָג, האָף!

---

מי בז ליום קטנות? (זכריה ד, י)

אינם גרויסן טאָג
האָט יעדער קלייניקייט אַ ווערט,
וועמען — אַ גרעסערער טייל,
וועמען — ווייניקער באַשערט.

---

עוד ישבו זקנים וזקנות ברחובות ירושלים ואיש משענתו בידו מרב ימים ורחובות העיר ימלאו ילדים וילדות משחקים ברחובותיה.
(זכריה ח, ד. ה)

אין די ירושלימער גאַסן אויף די שוועלן
וועלן נאָך זיצן אַלטע לייט און קוועלן
פון קינדער, וואָס שפּילן זיך אין די גאַסן און זינגען
לידער און מיט פרייד דעם חלל פאַרקלינגען,
ס׳איז נישט ווייט, נישט ווייט —
די שיינע, די ליכטיקע צייט.

---

מה טובו ומה יפיו, דגן בחורים ותירוש ינובב בתולות.
(זכריה ט, יז)

ווי פּרעכטיק, ווי שיין וועט דאָס זיין,
בחורים אין פעלד שניידן קאָרן,
מיידלעך אין קעלטער ביים וויין!

---

הזורעים בדמעה, ברנה יקצורו. (תהלים קכו, ה)

די וואָס זייען מיט טרערן,
מיט געזאַנג וועלן זיי שניידן;
די וואָס שאַפן אין ליידן,
וועט זיי ס׳גליק נישט מיידן.

---

איך נשיר את שיר ה' על אדמת נכר? (תהלים קלז, ד)

צו דער האַרפּע.
ווי שטרעקט זיך דען אוים
אונזער האַנט?
ווי קאָנען מיר
געטלעכע לידער זינגען
אין אַ פרעמדן לאַנד?

---

אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני; תדבק לשוני לחכי אם לא אזכרכי. (תהלים קלז, ה)

אויב כ׳וועל דיך פאַרגעסן,
ציון, מיין הייליק לאַנד,
זאָל די צונג זיך קלעפּן צום גומען;
מיין רעכטע האַנט
זאָל מיר ווערן אָפּגענומען.

---

בונה ירושלים ה' נדחי ישראל יכנס (תהלים קמז, ב)

גאָט וועט אויפבויען ירושלים,
באַפרייען זיין לאַנד;
די פאַרוואָגלטע ישראל
וועט אויפקלייבן זיין האַנט.

---

שתה מים מבורך, ונוזלים מתוך בארך (משלי ה, טו)

שעפּן וואַסער זאָלסטו מיט דיין אייגענעם עמער,
טרינקען זאָלסטו נאָר פון דיין אייגענעם קוואַל.

---

כצפור נודדה מן קנה, כן איש נודד ממקומו (משלי כז, ח)

אַ וואַנדערער
ביי פרעמדע קעסט,
איז ווי אַ פויגל —
אַוועק פון זיין נעסט.

---

הזאת נעמי? (רות א, יט)

ווי שטורעם־ווינטן פאַרענדערן
אַ פרילינג-טאָג אין אַ געוויטער,
אזוי איז נעמי,
פון זיס געוואָרן ביטער.

---

בנפשנו נביא לחמנו מפני חרב המדבר (איכה ה, ט)

מיר שאַפן זיך איין מיט געפאַר אונזער ברויט;
— עס שוועבט איבערן מדבר
די סכנה פון טויט!
עס ווערט אונזער לעבן באַשווערט,
אויף די וועגן לויערט,
די בלוטיקע שווערד!

---

אשרי המחכה ויגיע! (דניאל יב, יב)

גליקלעך איז דער, וואָס וואַרט
און זאָגט: איך האָף!
ער דערוואַרט זיך,
און דערגרייכט דעם סוף.

---

באַחת ידו עושה מלאכה ואַחת מחזקת השלח. (נחמיה ד, יא)

מיט סכנה בויען די בויער;
מיט סכנה אַקערט דער פויער,
מיט איין האַנט באַאַרבעט די ערד
און אין דער צווייטער
האַלט ער די שווערד.

---

הבה נתחכמה לו פן ירבה (שמות א, י)

גיכער איילט, צום געווער,
איידער דער שונא ווערט שטאַרקער,
ווערט מער!

---

לא תרצח, לא תנאף, לא תגנב, לא תענה ברעך עד שקר. (שמות כ.
יג, יד, טו, טז)

רויבער, שווינדלער און באַטריגער
זענען טאַקע אָפּט די זיגער;
דאָך, אָך און וויי איז צום זיגן,
אַז אַ שותּף איז דער ליגן!

---

לא תעשון אתי אלהי כסף ואלהי זהב לא תעשו (שמות כ, כג)

גאָלד און זילבער זענען „געטער״
העלפער, שיצער, רעטער...
אין אַ שווערן טאָג (אָ, קומען וועט ער),
ווער וועט רעטן אייך די „געטער״?

---

אָמר יאמר העבד, אהבתי את אדוני (שמות כא, ה)

**דער שקלאַף, וואָס ליבט די שקלאַפעריי,**
**ליבט דעם הערשער, ליבט זיין האַר,**
**דער, וועט קיינמאָל נישט זיין פריי!**

---

לא תהיה אחרי רבים לרעות (שמות כג, ב)

**ווען דער רוב איז שלעכט,**
**איז דער מיעוט גערעכט.**

---

כי תראה חמור שונאך רובץ תחת משאו — עזב תעזב עמו.
(שמות כג, ה)

**ווען דיין שונאס אייזל פאַלט,**
**אייל זיך, ברודער, העלף אים באַלד!**

---

מי יתן כל עם ה׳ נביאים. (במדבר יא, כט)

**דעם נביאס וועגן זענען אָפן, ברייט;**
**אַלע אין זיינע דרכים גייט!**

---

על פי שני עדים או על פי שלשה עדים יקום דבר. (דברים יט, טו)

מיט ווייניקער עדות
ווי צוויי אָדער דריי,
אַ ספק אין משפט,
דער אורטייל איז: פריי!

---

לא קם נביא עוד בישראל כמשה. (דברים לד, י)

משה, נאָך איינער
אַ נביא ווי ער,
נישטאָ אַזאַ מער.

---

הלנצח תאכל חרב? (שמואל ב, ב, כו)

וועלן אייביק שווערדן קלינגען,
זייפן בלוט און לעבנס שלינגען?!

---

לא יומתו אָבות על בנים ובנים לא יומתו על אָבות. (מלכים ב, יד, ו)

פאַר עלטערנס זינד,
זאָל ליידן דאָס קינד?
אַ קינד זינדיקט אָפט, —
ווער עלטערן שטראָפט?

---

**וכתתו** חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות (ישעיהו ב, ד)

אַן אַקער ווער, דו שווערד!
אַ בראָנע, איר שפּיזן ווערט!
גענוג שוין, שווערדן און שפּיזן,
גבורה באַוויזן!
אין פּויערשע הענט,
באַווייזט וואָס איר קענט!

---

**וגר** זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ ועגל וכפיר ומריא יחדו; ונער **קטן** נוהג בם. (ישעיהו יא, ו)

אין דעם סוף דעם ווייטן,
אין דעם סוף פון אַלע, אַלע צייטן,
וועט שלום באהערשן די וועלט;
עס וועט אַ טיגער, אַ וואָלף,
און אַ לעמפּערט
צוזאמען מיט אַ שעפּעלע,
זיך פּיטערן אין פעלד;
עס וועט דער לייב,
זיך מיט אַ לעמעלע
לוסטיק מאַכן, פריילעך,
קיין שלעכטס עס נישט טאָן חלילה,
ער וועט עס נישט באַרירן — — —
און אַ קליין אינגעלע
וועט זיי אַלע פירן.

---

וגלתה הארץ את דמיה ולא תכסה עוד על הרוגיה (ישעיהו כו, כא)

**נישט אייביק וועט די ערד**
**אומשולדיק בלוט פארדעקן;**
**עס וועט קומען אַ צייט**
**ווען זי וועט עס אַנטפּלעקן!**

---

חזקו ידים רפות וברכים כשלות אמצו (ישעיהו לה, ד)

**באַקרעפטיקט די הענט,**
**די פאַרשמאכטע פון מי,**
**שטארקט די געשטרויכלטע קני!**

---

קול קורא במדבר. (ישעיהו מ, ג)

**האָט דען אויערן דער מדבר,**
**רופסטו אים, שרייסטו — הערט ער?**
**אומזיסט ברודער, שליידערסטו**
**אין מדבר דיינע ווערטער!**

---

אין שלום, אמר ה׳ לרשעים (ישעיהו מח, כב)

**דער רשע, דעם שלום פאַרהאַסט;**
**רשע און שלום — אַ שאַרפער קאָנטראַסט.**

---

שלום שלום ואין שלום! (ירמיהו ו, יד)

מען רעדט וועגן שלום
דאָרטן און דאָ;
דערווייל איז פון שלום
קיין סימן נישטאָ!

---

אוי לי אמי, כי ילדתיני, איש ריב ואיש מדון לכל הארץ (ירמיהו
טו, י)

ווייַ צו מיר, מוטער, וואָס האָסט מיך געבאָרן,
וואס האסט מיך פאַרוויגט אין אַ וויג;
מיט דער וועלט בין איך אין צאָרן,
איך בין מיט אַלעמען אין קריג!

---

והיה בליבי כאש בוערת, עצור בעצמותי. (ירמיהו כ, ט)

אין מיין האַרץ — אַ פייער,
אַלע מיינע אברים צוזאמען,
פלאקערן אין פלאַמען!

---

דברי כאש — וכפטיש יפוצץ סלע (ירמיהו כג, כט)

מיין וואָרט ווי אַ האַמער פאַלט שווער,
פעלזן ווערן צעשפליטערט —
מיין וואָרט איז פלאַמענדיק, אַ פייער,
צאָרנדיק, פאַרביטערט!

---

בן-אָדם, לחמך ברעש תאכל ומימיך ברגזה ובדאגה תשתה!
(יחזקאל יב, יח)

מענטש, מיט שטורעם
וועסטו שאַפן דיין ברויט;
דיין וואַסער וועסטו טרינקען,
אין פיינלעכער נויט!

---

חרשתם רשע, עולתה קצרתם (הושע י, יג)

אויב איר אַקערט מיט רשעות,
מיט מענטשלעכע ליידן;
עוולות וועט איר שניידן!

---

כאשר עשית, יעשה לך, גמולך ישוב בראשך (עובדיה א, טו)

יענעם שלעכטס טאָן,
האָט זיך דיר פאַרוואָלט,
טא בויג דיין קאָפּ
און נעם דיין געצאָלט!

---

הוי חושבי און ופועלי רע על משכבותם, באור הבקר יעשוה.
(מיכה ב, א)

אָ, איר זינדיקע,
איר שלאָפט נישט ביינאַכט;
איר טראַכט נאָר וואס מער
צו פאַרשאפן מענטשן זאָרגן!
איר שלאָפט נישט ביינאַכט,
איר וואַכט;
און ווען ס׳קומט דער פרימאָרגן
ווערט שוין רשעות געמאַכט.

---

אל תאמינו ברע, אל תבטחו באלוף, בשוכבת חיקך שמר פתחי פיך. (מיכה ז, ה)

פאַרטרוי נישט קיין חבר,
גלויב נישט קיין פריינט,
די, וואָס רוט אין דיין שויס,
קאָן אויך זיין דיין פיינט.

---

על ההרים רגלי מבשר משמיע שלום (נחום ב, א)

עס הערן זיך טריט אויף די בערג,
דער מבשר קומט אָן;
די בשורה פון שלום זאָגט ער אָן!

---

אבן מקיר תזעק וכפיס מעץ יעננה (חבקוק. ב, יא)

ווען בלוט ווערט פאַרגאָסן אין לאַנד;
שרייט אַ שטיין ארויס פון וואנט;
אַ שפּענדעלע פון בוים באַקלאָגט די שאַנד!

---

לא נביא אָנכי, איש עובד אדמה אָנכי (זכריה יג, ה)

איך בין נישט קיין נביא פאַר דער וועלט;
איך בין אַן אַרבעטער, א פּשוטער, אין פעלד.

---

דרך רשעים תאבד (תהלים א, ו)

בארג-אַראָפּ פירט דער זינדיקער וועג,
אַראָפּ אָן אַ סוף, אָן אַן עק;
זינדיקע זינקען אראָפּ און אַרונטער,
ביז אין די אָפּגרונטן גייען זיי אונטער.

---

זומם. רשע לצדיק וחורק עליו שניו. (תהלים לז, יב)

עס קריצט דער רשע מיט די ציין,
וואַרפט אויפן צדיק אַ שטיין
און ווערט געשטרויכלט אַליין.

---

חרב פתחו רשעים ודרכו קשתם להפיל עני ואביון, לטבוח ישרי דרך. (תהלים לז, יד)

די רשעים האָבן מיט שווערדן
זיך אָנגעגורט די לענדן;
פעסט אָנגעצויגן
דעם בויגן —
די פיילן צו ווענדן
קעגן אָרימע, שוואַכע;
צו טויטן, צו קוילן גאַנצע טעג,
די וואָס גייען אין דעם גלייכן וועג.

---

טוב מעט לצדיק מהמון רשעים רבים (תהלים לז, טז)

דער צדיק קאָן מיט ווייניק
זיך באַגניגן;
ביים רשע איז רויבן וואָס מער,
זיין גרעסטער פאַרגעניגן.

---

פי צדיק יהגה חכמה ולשונו תדבר משפט (תהלים לז, ל)

הערן דעם צדיקס רייד
איז וואויל,
ווייל גערעכטיקייט און חכמה
פליסט פון זיין מויל.

---

אַל תירא כי יעשר איש, כ ירבה כבוד ביתו, כי לא במותו יקח הכל,
לא ירד אַחריו כבודו. (תהלים מט, יז, יח)

זיי נישט מקנא די רייכע לייט,
זיי האָבן אַ סך געלט,
אוצרות אין די שטיבער,
כבוד פון דער וועלט;
עס קומט אָבער אַ צייט,
און זיי לאָזן אַלץ איבער
עס נידערט נישט מיט זיי,
דער כבוד אין די גריבער.

---

קול רינה וישועה באָהלי צדיקים. (תהלים קח, טו)

פרייט זיך גוטע,
ערלעכע לייט;
עס וועט נאָך שיינען אייער זון,
עס וועט נאַך קומען אייער צייט!

---

אבן מאסו הבונים היתה לראש פנה. (תהלים קיח, כא)

עס טרעפט זיך אַמאָל,
אַז אַן עלנטער, פארוואָרפענער שטיין,
וואָס וואלגערט זיך אין טאָל,
ווערט פאַר אַ טעמפל א ווינקלשטיין.

---

עד מתי רשעים ה׳, עד מתי רשעים יעלזו? (תהלים צד, ג)

**ביז וואַנען נאָך רשעים,**
**וועט איר הוליען, וועט איר יובלען?!**
**גענוג שוין אייך, גענוג**
**אין בלוט זיך צו טובלען!!**

---

מצא חן ושכל טוב בעיני אלהים ואָדם. (משלי ג, ד)

**האַלט זיך נישט מיט מענטשן,**
**פון ווייטן —**
**זיי קלוג און גוט,**
**זיי צו גאָט און צו לייטן.**

---

אַל תאמר לרעך, לך ושוב ומחר אתן ויש אתך (משלי ג, כח)

**קאָנסטו געבן היינט,**
**זאָג נישט: מאָרגן קום מיין פריינט.**

---

אַל תחרש על רעך רעה והוא יושב לבטח אתך. (משלי ג, כט)

**פאַרראַטסטו אַ פריינט,**
**האָסטו עס אויפן געוויסן,**
**אַ פריינטשאַפט אויף אייביק**
**האָסטו צעריסן!**

---

לך אל נמלה, עצל, ראה דרכיה וחכם. (משלי ו, י)

גיי צו דער מוראַשקע, פוילער
און זע:
די מוראַשקע איז קליין,
אַנטקעגן איר ביסטו אַ ריז,
אָבער ווי פלייסיק זי איז,
איר וועלטעלע — ווי שיין!

---

עינים רמות, לשון שקר וידים שופכות דם נקי (משלי ו, יז)

ווען די אויגן רייסן זיך צום הימל,
הימלישן כבוד גאַרן זיי;
דעם געוויסן זאָגט מען: דרימל!
און אמת-זאָגן, פעלט מוט,
און די הענט, וויי!
פאַרגיסן אומשולדיק בלוט.

---

יפיח כזבים עד שקר ומשלח מדנים בין אחים. (משלי ו. יט)

אַ פאַלשער עדות
צעפלאַקערט אַ פייער,
און אומשולדיקע מענטשן
באַצאָלן זייער טייער.

---

לא יבוזו לגנב, כי יגנוב למלא נפשו, כי ירעב. (משלי ו, ל)

**כאַפּט איר אַ גנב**
**וואָס גנבעט אַ ברויט,**
**פארשעמט אים נישט, ברידער,**
**— עס דריקט אים די נויט!**

---

אַל תוכח לץ פן ישנאך, הוכח לחכם ויאהבך (משלי אַ, ח)

**שטראָפסטו דעם קלוגן,**
**וועט ער דיך ליבן און הערן געלאַסן.**
**שטראָפסטו דעם נאַר,**
**וועט ער דיך האַסן.**

---

תן לחכם ויחכם עוד, הודע לצדיק ויוסף לקח. (משלי ט, ט)

**לערן דעם קלוגן,**
**און ער וועט קליגער ווערן;**
**דער צדיק וועט נעמען דיין לערע,**
**און חכמה פאַרמערן.**

---

אוגר בקיץ בן משכיל, נרדם בקציר בן מביש. (משלי י, ה)

**דער קלוגער, ס׳קומט זומער**
**זאַמלט ער אויפן ווינטער;**
**דער נאַר — איך שניט,**
**אַ צייט צו שלאָפן געפינט ער.**

---

מקור חיים פי צדיק ופי רשעים יכסה חמס (משלי י, יא)

א שפּרודלדיקער קוואַל
איז דעם צדיקס מויל;
דעם רשעס — אַ גרויל!

---

בשפתי נבון תמצא חכמה ושבט לגו חסר לב. (משלי י, יג)

אַ קלוגן געניגט
אַ גוט וואָרט אים צו זאָגן;
אַ נאר אָבער קריגט
אפּטמאל געשלאָגן.

---

כסף נבחר לשון צדיק. (משלי י, כ)

דעם צדיקס ווערטער —
זילבער געלייטערטער.

---

כחומץ לשנים וכעשן לעינים, כן העצל לשולחיו. (משלי י, כו)

ווי עסיק צו די ציין,
און ווי רויך צו די אויגן;
אַזוי קאָן אַ פוילער
צו אַ שליחות טויגן.

---

בטוב צדיקים תעלץ קריה ובאבד רשעים רנה. (משלי יא, י)

ווען די רשעים גייען אונטער
און די צדיקים גייט גוט,
ווערט אין שטאָט מונטער,
קריגן אַלע מוט.

---

בז לרעהו חסר לב ואיש תבונות יחריש. (משלי יא, יב)

דער נאַר באַליידיקט,
און מיינט, ער איז אַ בראַווער,
דער קלוגער אָבער, ענטפערט נישט,
ער איז נישט זיין חבר.

---

הולך רכיל מגלה סוד ונאמן רוח מכסה דבר. (משלי יא, יג)

פאַרטרויסטו אַן ערלעכן,
בלייבט עס פאַרדעקט;
א פאַלשן —
ווערט דער סוד אַנטפּלעקט.

---

אוהב מוסר אוהב דעת ושונא תוכחת בער (משלי יב, א)

דער קלוגער וויל וויסן
און נעמט אָן מוסר מיט פרייד,
דער נאַר איז אָבער אָן געוויסן,
ער האַסט די שטראָפרייד.

---

טוב נקלה ועבד לו ממתכבד וחסר לחם (משלי יב, ט)

בעסער באַשיידן
און ס'איז דאָ אין שטוב ברויט;
ווי זיך יאָגן נאָך כבוד
און לעבן אין נויט.

---

בן חכם מוסר אב ולץ לא שמע גערה. (משלי יג, א)

אַ קלוגן געניגט
אַ גוט וואָרט אים צו זאָגן;
אַ נאַר אָבער, העלפט נישט
קיין שרייען און שלאָגן.

---

כל ימי עני רעים. (משלי טו, טו)

ווייַ איז דעם אָרימען —
פון געבורט ביזן טויט
איז זיין לעבן אין נויט.

---

פורע מוסר מואס נפשו ושומע תוכחת קונה לב (משלי טו, לב)

ווער עס האַסט דעם מוסר,
דער קויפט זיך אַ פיינט;
ווער עס הערט קריטיק,
דער שאַפט זיך אַ פריינט.

---

לועג לרש, חרף עושהו. (משלי יז, ה)

פון אַן אָרימען מאכן שפּאָט,
איז ווי לעסטערן גאָט.

---

איש רעים להתרועע ויש אוהב דבק מאח. (משלי יח, כד)

דער פריינט, וואָס איז דיר
טריי געבליבן,
מער ווי אַ ברודער
וועט ער דיך ליבן.

---

חנוך לנער על פי דרכו. (משלי כב, ו)

דעם יונגן,
אַ וועג־ווייזער זיי;
נישט געצוואונגען
פיר אים — פריי!

---

עשיר ברשים ימשול ועבד לוה לאיש מלוה. (משלי כב, ז)

איבער אָרימע הערשט דער גביר
מיט זיין מעכטיקן אָרעם;
דער אָרימער באָרגט ביי דעם רייכן
און בלייבט ווייטער אָרים.

---

אם רעב שונאך, האכילהו לחם ואם צמא, השקהו מים (משלי כה, כא)

זעסטו, דיין שונא ליידט נויט,
גיב אים עסן ברויט;
זעסטו, פון דורשט ער גייט אויס,
טראָג זשע אים וואַסער אַרויס.

---

כשלג בקיץ וכמטר בקציר, כן לא נאוה לכסיל כבוד. (משלי כו, א)

דעם נאַר פּאַסט זיך כבוד
ווי אַ שניי אין די זומערדיקע היצן,
און ווי אַ שלאַקס-רעגן אין שניט
מיט דונערן און בליצן.

---

נפש שבעה תבוס נופת ונפש רעבה כל מר מתוק. (משלי כז, ז)

אַ זאַטער מאָגן
קאָן קיין זיסקייט נישט פאַרטראָגן,
ווער אבער הונגער ליידט,
ביטער צי זיס — ער קייט.

---

טוב רש הולך בתומו, מעקש דרכים והוא עשיר. (משלי כח, ו)

בעסער זיין אַן אָרימער, אַ פרומער
און גיין אין גלייכע וועגן;
איידער דער וועג זאָל זיין אַ קרומער
און שאַפן אַ פארמעגן.

---

ברבות צדיקים ישמח העם ובמשל רשע יאנח עם. (משלי כט, ב)

ווען עס הערשן צדיקים
איז אַ פרייד יענעם טאָג;
געוועלטיקן רשעים,
איז אַ יאָמער, אַ קלאָג.

---

ארץ, אַל תכסי דמי. (איוב טז, יח)

ערד, זאָלסט דאָס אומשולדיק
פאַרגאָסענע בלוט נישט פאַרדעקן!
דאס בלוט שרייט;
דאָס וועט זיך אַנטפּלעקן!

---

מדוע רשעים יחיו, עתקו, גם גברו חיל? (איוב כא, ז)

פאַרוואָס זאָלן רשעים
לעבן און אַלט ווערן?
פאַרוואָס זאלן רשעים זיך שטאַרקן,
פאַרוואָס זאָל לייכטן זייער שטערן?

---

בחוץ לא ילין גר, דלתי לאורח אפתח. (איוב לא, לב)

אין דרויסן זאָל נישט
נעכטיקן דער גר;
אַן אָפענע טיר פאַרן אורח! —
דאָס איז מיין באַגער.

---

אי־זה הדרך ישכן אור וחשך אי־זה מקומו? (איוב לח, יט)

**וועלכער וועג, פירט צו ליכט**
**און וועלכער אָרט ס'איז פינצטער,**
**מיט שאָטנס געדיכט?**

---

טובים השנים מן האחד, אשר יש להם שכר טוב בעמלם. (קהלת ד. ט)

**עס איז בעסער צוויי אינאיינעם,**
**ווי אַן איינזאַמען, איינעם;**
**ווייל שותפותדיקע טאַטן**
**ברענגען רעזולטאַטן.**

---

מתוקה שנת העובד, אם מעט ואם הרבה יאכל, והשבע לעשיר איננו מניח לו לישון. (קהלת ה, יא)

**זיס שלאָפט דער אַרבעטער אין בעט**
**נאָך דער שווערער אַרבעט,**
**אפילו נישט געגעסן צו דער זעט;**
**ווייל שווער, שווער איז זיין מי,**
**פונם מאָרגן גאָר פרי,**
**ביז שפּעט אין דער נאַכט;**
**דער רייכער אָבער ליגט אויפן געלעגער,**
**אין די אוצרות פאַרטראַכט**
**ער שלאָפט נישט —**
**ער וואַכט.**

---

יש צדיק אובד בצדקו ויש רשע מאריך ברעתו. (קהלת ז, טו)

עס טרעפט אויך אַ מאָל
אַז עס נידערט דער צדיק
אין טאָל;
און דער רשע —
שלעכט ווי אַ שלאַנג,
לעבט אַ לעבן לאנג.

---

לא לחכמים לחם. (קהלת ט, יא)

די קלוגע ליידן נויט,
חכמים האָבן נישט קיין ברויט.

---

אם מזבח אבנים תעשה לי, תבנה אתהן גזית, כי חרבך הנפת עליה ותחללה. (שמות כ, כה)

אַז דו וועסט בויען דיין אַלטאַר,
מיט שלום בוי, נישט מיט דער שווערד!
דערהויב צום הימל דיין טעמפּל,
דערנידער נישט צו דער ערד!

---

כי יזיד איש על רעהו להרגו בערמה, מעם מזבחי תקחנו למות!
(שמות כא, יד)

דער טעמפּל — פאַר מערדער קיין אָרט!
דער אַלטאַר איז קיין שוץ פאר א מאָרד!

---

נצח ישראל לא ישקר! (שמואל א, טו, כט)

גלויב אין אייביקן אָן צווייפל;
האַלט זיך מוטיק — נישט פאַרצווייפל!

---

האָדם יראה לעינים והי׳ יראה ללבב (שמואל א, טז, ז)

דער מענטש קוקט מיט אויגן,
ער זעט וואָס אין דרויסן;
גאָט קוקט אין הארצן,
ער זעט וואָס מ׳איז אויסן.

---

לא בחרב ובחנית יהושיע ה׳. (שמואל א. יז, מז)

ווען עס נידערט פון הימל
די הילף צו דער ערד,
איז איבעריק שפיזן,
נישט נויטיק קיין שווערד!

---

אין אָדם אשר לא יחטא. (מלכים א. ח. מו)

ווער איז דער איינער
וואָס פריי איז פון זינד —
אָ, קיינער, אָ, קיינער;
סיידן — אַ קינד.

---

ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים. (ישעיהו נו, ז)

די טיר פון מיין טעמפל
פאַר אַלע איז אָפן;
פאַר אלע וואָס ליידן,
פאר אלע וואָס האָפן.

---

לא לעולם אָריב ולא לנצח אקצוף. (ישעיהו נז, טז)

נישט אייביק וועל איך וואָרנען, —
נישט אייביק — מיטן וואָפּן;
נישט אייביק וועל איך צאָרנען,
נישט אייביק וועל איך שטראָפן.

---

הוי חרב להי, עד אָנה לא תשקטי, האָספי אל תערך, הרגעי ודמי! (ירמיהו מז, ו)

ווי לאַנג נאָך וועסטו, געטלעכע שווערד,
אַזוי אומרואיק זיין? —
צי וואָלסטו זיך שוין אומגעקערט
צוריק אין שייד אַריין?

---

חסד חפצתי ולא זבח ודעת אלהים מעולות. (הושע ו, ו)

איידער איר הויבט אויף
צו שעכטן אַ קרבן, דעם מעסער;
באַטראַכט אייך נאָר פריער,
וואָס עס איז בעסער —
פאַלשע קרבנות, תפילות אָן ליבע
און אָן וויסן;
צי יושר און אמת
און ריינער געוויסן.

---

אַריה שאג, מי לא יירָא, ה׳ דבר, מ׳ לא ינבא? (עמוס ג, ח)

אַ לייב, אַז ער ברומט,
אַ פּחד פאַלט אָן;
גאָט צו זיין נביא קומט,
און וואָס ער זאָגט אים אָן,
מוז דער נביא טאָן!

---

והשלחתי רעב באָרץ, לא רעב ללחם ולא צמא למים, כי אם לשמע
את דברי ה׳ (עמוס ח, יא)

איך וועל אין לאַנד
אַ הונגער שיקן,
אַ הונגער נישט נאָך ברויט,
אַ דורשט, נישט מיט וואַסער זיך צו קוויקן;
הונגעריק, דורשטיק וועט איר ווערן,
געטלעכע ווערטער צו הערן!

---

אתה חסת על הקקיון, אשר לא עמלת בו ולא גדלתו — ואני לא
אָחוס על ננוה? (יונה ד, י, יא)

אויב דיר איז אַ קליין בלעטעלע
אַ שאָד,
וואָס קאָסט דיר נישט קיין מי;
ווי זאָל מיר נישט קיין שאד זיין,
ננוה, די שטאָט,
מיט אירע מענטשן, מיט איר פי?

---

ברגז, רחם תזכר. (חבקוק ג, ב)

**גאָט!**
**דערבאַרעם זיך, דיין צאָרן שטיל;**
**דערוועק דיין רחמנות-געפיל!**

---

קרוב יום ה׳ הגדול, קרוב ומהר מאד, קול יום ה׳; מר צורח שם גבור. (צפניה א, יד)

**נאָנט איז דער גרויסער,**
**דער געטלעכער טאָג;**
**ביטער וועט זיין,**
**אַ ביטערע פלאָג;**
**פון שטאַרקע וועט זיך הערן אַ יאָמער,**
**פון מעכטיקע — א קלאָג!**

---

הלא אב אחד לכלנו, הלא אל אחד בראָנו, מדוע נבגד איש באָחיו, לחלל ברית אבותינו? (מלאכי ב, י)

**מיר האָבן דאָך אַלע איין גאָט,**
**מיר האבן אלע איין טאטן;**
**ווי קאנען מיר פאַלש זיין,**
**ווי קאָנען מיר פאַרראַטן?**

---

אמרות ה׳ אמרות טהורות, כסף צרוף בעליל לאָרץ, מזוקק שבעתים. (תהלים יב, ז)

אָ, געטלעכע רייד, געטלעכע ווערטער!
יעדעס וואָרט — ריינער זילבער,
יעדער קלאַנג — געלייטערט ווערט ער!

---

השמים מספרים כבוד אל ומעשי ידיו מגיד הרקיע (תהלים יט, ב)

עס באַזינגען די הימלען
בייטאָג און ביינאַכט
דעם געטלעכן כבוד,
די געטלעכע מאַכט:

---

תורת ה׳ תמימה, משיבת נפש, עדות ה׳ נאמנה, מחכימת פתי. (תהלים יט, ח)

ערלעך און ריין איז די געטלעכע תורה,
ווי אַ דורשטיקן אַ קוואַל, פרישט זי אָפּ;
געטריי איז די לערע פונם בורא,
לייטערט יעדעס הארץ, מאכט קלוג יעדן קאָפּ.

---

רבות רעות צדיק ומכלם יצילנו ה׳ (תהלים לד, כ)

וויפיל צרות דער צדיק
ליידט זיך אוים;
גאָט אָבער, נעמט אים
פון אַלע געפארן אַרוים!

---

עליך הורגנו כל היום, נחשבנו כצאן טבחה (תהלים מד, כג)

מיר ווערן געקוילעט ווי שאָף
אַלע טאָג!
מיר ווערן צו שאַנד און צו שפּאָט —
פֿאַר דיין נאָמען, אָ, גאָט!

---

אל תזכר לנו עונות ראשונים. (תהלים עט, ח)

גאָט!
האָסטו דעם אַלטן ספר אויפֿגעמישט,
פֿאַרגעסענע זינד דערמאָן אונז נישט!

---

יסר יסרנ׳ יה ולמות לא נתנני. (תהלים קיח, יח)

שטראָף מיך גאָט,
פּייניק מיר אויס יעדן אבר;
נאָר טויט מיך נישט,
וואַרף מיך נישט אין קבר!

---

דרך שקר הסר ממני ותורתך חנני. (תהלים קיט, כט)

גאָט!
פֿאַרשטעל פֿאַר מיר
יעדן פֿאַלשן וועג;
אינם ים פֿון דיין תורה,
לערן מיר שווימען צום ברעג!

---

ירושלים הרים סביב לה וה׳ סביב לעמו. (תהלים קכה, ב)

ירושלים האָט בערג אַרום;
ישראל — זיין גאָט אומעטום!

---

אל נקמות ה׳, אל נקמות הופיע! (תהלים צד, א)

אַלמעכטיקער גאָט!
זע, אונזער פּיין;
גאָט פון נקמות,
דערשיין!

---

הנשא שופט הארץ, השב גמול על גאים. (תהלים צד, ב)

דערהויב זיך, ריכטער פון דער וועלט,
באַצאָל דעם טיראַנישן זיגער,
וואַרף זיך ווי א טיגער
אויפן בלוטיקן העלד!

---

עבדו את ה׳ בשמחה, באו לפניו ברננה! (תהלים ק, ב)

מיט פרייד דינט גאָט, ברידער!
נישט מיט אומעט קומט אין טעמפּל —
מיט לידער!

---

אָדם להבל דמה, ימיו כצל עובר. (תהלים קמד, ד)

וואָס איז דען דער מענטש,
און וואָס איז ער געראָטן? —
אין אַ צייטװיילי־פאַרגייענדיקן
שאָטן.

---

אל תבטחו בנדיבים, בבן אָדם שאין לו תשועה. (תהלים קמו, ג)

פאַרטרויט נישט קיין מענטש אייער לעבן!
וואָס קאָן דער מענטש אייך דען העלפן,
וואָס קאָן ער אייך דען געבן?

---

את אשר יאהב ה׳ יוכיח וכאב את בן ירצה. (משלי ג, יב)

וועמען גאָט ליבט,
שטראָפט ער פאַר די זינד,
ווי אַ פאָטער זיין קינד.

---

ה׳ בחָכמה יסד אָרץ, כונן שמים בתבונה. (משלי ג, יט)

הימל און ערד;
ימען, טייכן און לאנד —
אלץ האט גאָט מיט חכמה באַשאפן,
אַלץ האָט ער געגרינדעט מיט פאַרשטאנד!

---

מסיר אזנו משמע תורה, גם תפלתו תועבה. (משלי כח, ט)

דער וואָס הערט זיך נישט צו
צו קיין תורה;
הערט אויך זיין תפילה נישט
דער בורא.

---

ערם יצאתי מבטן אמי וערם אָשוב שמה. (איוב א, כא)

נאַקעט ווערט דער מענטש געבוירן,
אָן אוצרות, אָן געלט;
אַזוי נידערט ער אין קבר,
אַזוי פאַרלאָזט ער די וועלט.

---

גם את הטוב נקבל מאת האלהים ואת הרע לא נקבל? (איוב ב, י)

מיר נעמען פון גאָט,
אַליץ, וואָס ס'איז גוט;
לאָמיר נעמען אויך דאָס שלעכטע,
לאָמיר האבן מוט!

---

גבהי שמים מה תפעל, עמוקה משאול מה תדע? (איוב יא, ח)

קאָנסטו פאַרשטיין דען
די הימלישע וועלטן? —
קאָנסטו באַגרייפן
דעם אָפּגרונט, דעם פאַרשטעלטן?

---

יראת ה׳ היא חכמה, וסור מרע — בינה (איוב כח, כח)

גייַן וואו עס פירט דיך
די געטלעכע האַנט —
דאָס איז דער פאַרשטאַנד.

---

התשלח ברקים וילכו ויאמרו לך, הננו? (איוב לח, לה)

מענטש, קאָנסטו זיך דען באַניצן
אין שליחות מיט הימלישע בליצן?

---

דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת. (קהלת א, ד)

אַ דור קומט, אַ דור פאַרגייט,
די וועלט אָבער, אייביק באַשטייט.

---

כל הנחלים הולכים אל הים והים איננו מלא. (קהלת א, ז)

אַלע שטראָמען אין ים אַריין פליסן
און קאָנען דעם ים נישט פאַרגיסן;
סיפליסן טעג אין דער אייביקייט,
אינעם ים, וואָס רופט זיך: צייט.

---

אין כל חדש תחת השמש. (קהלת א, ט)

אונטער דער זון איז קיין זאַך
נישט נײַ —
אַלץ האָט די זון שוין געזען,
אַלץ איז אַמאָל שוין געווען.

---

רבה רעת האָדם. (בראשית ו, ה)

שלעכטס איז דאָ אַ קוואַל,
גוטס — נאָר אַ שטראַל.

---

שופך דם האָדם, באָדם דמו ישפך. (בראשית ט, ו)

מענטשלעך בלוט פאַרגיסט איר,
אָ, מערדערישע הענט!
אַז בלוט איז אַ פלאַם, פארגעסט איר,
אז דער צינדער ווערט פאַרברענט!

---

כי יבער איש שדה אחר — מיטב שדהו ישלם! (שמות כב, ד)

האָסטו פאַרברענט אַ פרעמד פעלד,
באַצאָל דאַן מזומנע געלט.

---

מדבר שקר תרחק (שמות כג, ז)

מייד אויס דעם פאַלשן וועג,
פון שקר גיי אַוועק!

---

לא תבשל גדי בחלב אמו (שמות כג, יט)

האָסטו דאָס ציגעלע
באַרויבט פֿון זיין מאַמען,
קאָך עס נישט
מיט מאַמע־מילך צוזאַמען.

---

לפני עור לא תתן מכשל. (ויקרא יט, יד)

זעסטו, אַ בלינדער גייט אין וועג,
פֿינצטער, חושך — זיינע טעג;
גאָט באַהיט, זאָלסט נישט שטרויכלען
זיינע טריט!

---

לא על הלחם לבדו יחיה האָדם. (דברים ח, ג)

אויב דיין גוף איז שוין געשפּייזט,
גיב זשע ברודער ברויט דעם גייסט!

---

ידינו לא שפכו את הדם הזה. (דברים כא, ז)

ריין זאָל זיין דער געוויסן,
די הענט זאָלן קיין בלוט נישט פֿאַרגיסן!

---

מוצא שפתיך תשמר. (דברים כג, כד)

וואָס די ליפּן רעדן,
זאָל דאָס האַרץ פילן;
האסטו צוגעזאָגט,
מוזסטו דערפילן!

---

החיים והמות נתתי לפניך — ובחרת בחיים (דברים ל, יט)

אַ וועג צום לעבן פירט,
אַ וועג — צום טויט;
פרעגסטו: — וואוהין?
— דעם וועג צום לעבן,
אָבער לעבן מיט אַ זין!

---

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו (שמואל ב. א, כג)

געליבטע, געטרייע אין לעבן,
וואָס קאָן זיי דען צעשיידן? —
אפילו דער קבר
פאַראייניקט זיי ביידן.

---

ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה. (ישעיהו יב, ג)

פריש אָפּ דיין גוף,
דיין נשמה דערקוויק,
מיט פרייד שעפּ און טרינק
די קוואַלן פון גליק!

---

פרס לרעב לחמך ועניים מרודים תביא בית, כי תראה ערם וכסיתו ומבשרך לא תתעלם (ישעיהו נח, ז)

גיב דעם הונגעריקן ברויט,
דעם היימלאָזן — אַ היים,
איז דיין פריינט אין אַ נויט —
העלף אים אין געהיים!

---

בדד ישבתי, כי זעם מלאתני. (ירמיהו טו, יז)

אַן איינזאַמער בין איך געוואָרן,
מיין איינציקער חבר — מיין צאָרן!

---

מדי אדבר אזעק, חמס ושד אקרא. (ירמיהו כ, ח)

איך עפן דאָס מויל,
איך וויל רעדן צו זיי,
רייסט זיך אַרויס
פון מיין האלז אַ געשריי.

---

יגל כמים משפט וצדקה כנחל איתן. (עמוס ה׳ כד)

זאָל דער יושר ווי וואַסער פילסן;
ווי אַ מעכטיקער שטראָם —
דער אמת און ריינער געווסן!

---

נצר לשונך מרע ושפתיך מדבר מרמה. (תהלים לד, יד)

היט דיין צונג פון באַטריגן,
דיינע ליפּן — פון זאָגן ליגן!

---

אמת מארץ תצמח וצדק משמים נשקף (תהלים פה, יב)

זאָל דער אמת שפּראָצן פון דער ערד
און בליען;
זאָל אין הימל, די זון פון גערעכטיקייט
גליען!

---

שקר שנאתי ואתעבה. (תהלים קיט, קסג)

איך קאָן קיין ליגן
נישט זאָגן;
איך קאָן דעם שקר
נישט פאַרטראָגן.

---

חכמה ומוסר אוילים בזו (משלי א, ז)

חכמה און מוסר
דאַרף עס דען אַ נאַר;
פאַרשאַפט אים דען,
זיין נארישקייט — צער?

---

עד מת' פתים תאהבו פתי ולצים לצון חמדו להם וכסילים ישנאו דעת? (משלי א, כב)

ווי לאַנג נאָך
וועט איר נאַראָנים,
פון אייער נאַרישקייט געניסן?
ווי לאַנג נאָך
וועט אייך לצים,
דער מוסר פאַרדריסן?
ווי לאַנג נאָך
וועט איר האַסן דעם אמת
און פיינט האָבן וויסן?!

---

קנה חכמה, קנה בינה (משלי ד, ה)

**חכמה — נישטאָ עפּעס בעסערס**
**אויף דער וועלט;**
**פאַרשטאַנד — קויף פאַר געלט!**

---

עיניך לנכח יביטו ועפעפיך יישרו נגדך (משלי ד, כה)

**פאָרויס זאָלסטו ווענדן**
**דיינע בליקן;**
**דיינע אויגן גלייך קעגן זיך**
**זאָלסטו שיקן!**

---

אם יהלך איש על הגחלים ורגליו לא תכוינה? (משלי ו, כח)

**קאָן מען זיך מיט פייער שפּילן,**
**קאָן מען גיין אויף קוילן וואָס גליען**
**און די פיס נישט בריען?**
**ווי קאָן מען דען דעם פייער נישט פילן?**

---

הולך בתום, ילך בטח ומעקש דרכיו יודע. (משלי י, ט)

**צו וואָס זיך פּלאָנטערן**
**אין קרומע שטעגן?**
**גיי אין די גלייכע,**
**די זיכערע וועגן!**

---

דאָגה בלב איש ישחנה ודבר טוב ישמחנה (משלי יב, כה)

**זאָרגן פאַרפינסטערן די וועלט,**
**אַ פריידיק האַרץ — קוועלט.**

---

נוצר פיו, שומר נפשו, פושק שפתיו מחתה לו (משלי יג, ג)

ווער עס ציילט זיינע ווערטער,
אָפּגעהיט ווערט ער;
ווער עס צעלאָזט זיין מויל,
פאַרפלאָנטערט זיך אין אַ קנויל.

---

חכמות נשים בנתה ביתה ואולת בידיה תהרסנו (משלי יד, א)

אַ קלוגע פרוי בויט דאָס הויז,
און דעם פאַרמעגן פאַרמערט;
און ביי א נארישער — פאַרקערט,
אַלץ ווערט בידים צעשטערט.

---

לב יודע מרת נפשו ובשמחתו לא יתערב זר. (משלי׳ יד, י)

עס האָט יעדער איינער
זיינע גוטע און ביטערע געפילן;
אַ פרעמדר האַרץ
קאָן דאָס גאָר נישט פילן.

---

ארך אַפים, רב תבונה (משלי יד, כט)

ווער עס קאָן זיך באהערשן
מיט א שטאַרקער האַנט —
דער האָט טאַקע פארשטאנד.

---

עטרת תפארת שיבה (משלי טז, לא)

די זקנה איז פּרעכטיק־שיין,
אַ זילבערנע קרוין.

---

מים עמוקים דברי פי איש, נחל נובע — מקור חכמה (משלי יח, ד,

ווי פון דער טיפעניש —
אַ שפּרודלדיקער קוואַל;
ווי פון דער הויך —
אַ שטראָמענדיקער וואסערפאל,
זענען טיף און שפּרודלדיק
דעם חכמס רייד;
דערקוויקן די נשמה
און פאַרשאַפן פרייד.

---

פי כסיל מחתה לו ושפתיו מוקש נפשו (משלי יח, ז,

דער נאַר פּלאַפּלט אויס,
וואָס ער האָט אויף דער לונג
און פאַלט אריין אין דער נעץ
פון זיין אייגענער צונג.

---

משיב דבר בטרם ישמע, אולת היא לו וכלמה (משלי יח, יג)

דער נאַר ענטפערט,
איידער ער הערט;
ער רעדט —
איידער ער קלערט
און פאַרשטייט נישט
אַז ס'איז א שאנד,
ווייל עס פעלט אים
נעבעך פאַרשטאנד.

---

לב נבון יקנה דעת ואזן חכמים תבקש דעת. (משלי יח, טו)

דאָס קלוגע האַרץ
פאַרלאַנגט וואָס מער וויסן;
דאָס אויער פון חכמים
וויל פון חכמה געניסן.

---

יש זהב ורוב פנינים וכלי יקר שפתי דעת (משלי כ, טו)

מער ווי פון פערל און פון גאָלד,
ווּעסטו געניסן,
פון די אוצרות פון חכמה
און פון וויסן.

---

תפארת בחורים כחם והדר זקנים שיבה (משלי כ, כט)

פאַר אַלטע איז די זקנה אַ פראַכט,
פאַר די יונגע — די מאַכט.

---

נבחר שם מעושר רב, מכסף ומזהב, חן טוב (משלי כב, א)

ס'איז בעסער פון אוצרות,
פון רייכטום, פון געלט,
א גוטער נאָמען אויף דער וועלט.

---

אָמר עצל, ארי בחוץ, בתוך רחובות ארצח (משלי כב, יג)

דער פוילער זאָגט:
דער לייב איז פון שטייג אַרויס,
פריי פון די קייטן,
איך קאָן אין גאַס נישט אַרויס;
דער לייב וועט מיך טייטן.

---

למה יתן לעמל אור וחיים למרי נפש? (איוב ג, כ)

וואָס טויג דאָס העלע ליכט
פאַר אַן אָנגעווייטיקט האַרץ,
ווען ארום איז שאטנס געדיכט,
עס איז חושך אַרום, עס איז שוואַרץ;
וואָס טויג פונם לעבן
דער ציטער,
ווען דאָס האַרץ איז פאַרטרויערט,
ס'איז ביטער!

---

כשושנה בין החוחים, כן רעיתי בין הבנות (שיר השירים ב, ב)

ווי צווישן דערנער, אַ רויז,
פון אַלע טעכטער
שיינסטו, מיין ליבע ארויס.

---

מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה (שיר השירים ח, ז)

ווען דער ליבע־פלאַם,
וועט זיך צעפלאַקערן, ברענען;
וועט קיין וואַסער־שטראָם,
פאַרלעשן נישט קאָנען.

---

טוב לגבר, כי ישא עול בנעוריו (איכה ג, כז)

אַז עס טראָגט דער מענטש אַן עול
פון דער פריסטער יוגנט־אָן,
איז אים גוט —
צו לעבן און צו ליידן
וועט ער האָבן מוט.

---

מה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמל תחת השמש? (קהלת א. ג)

צוזאַמען מיט דער זון,
אינם מאָרגן־פרי
שטייט אויף דער מענטש
און צו דער אַרבעט גייט,
אַזוי טאָג איין, טאָג אויס,
ביז זיין לעבן פאַרגייט;
וואָס האט דער מענטש פון זיין מי?

---

כל הדברים יגעים לא יוכל איש לדבר, לא תשבע עין לראות, ולא תמלא אזן משמע (קהלת א, ח)

אַלץ אין לעבן קאָן מיאוס ווערן,
דער מענטש ווערט פון רעדן נישט זאַט,
זיין אויג פון זען, זיי אויער פון הערן,
אַלץ אין לעבן קאָן מיאוס ווערן — — —

---

ברב חכמה, רב כעס ויוסיף דעת, יוסיף מכאוב (קהלת א. יח)

וואָס מער חכמה, מער וויסן —
מער ליידן, ווייניקער פון לעבן געניסן.

---

טוב ילד מסכן וחכם ממלך זקן וכסיל (קהלת ד, יג)

עס איז בעסער
דעם אָרימען, קלוגן קינד,
ווי דעם מלך אויף דער עלטער
אַז ער ווערט נאַריש און בלינד.

---

טוב אשר לא תדר משתדור ולא תשלם (קהלת ה, ד)

בעסער באַלד נישט פאַרשפּרעכן,
איידער דערנאָך, דאָס ווארט ברעכן;
האָסטו פארשפּראכן אמאל,
העלפט נישט ברודער, באַצאָל!

כל עמל האָדם לפיהו וגם הנפש לא תמלא (קהלת ו, ז)

די גאַנצע מענטשלעכע מי
גייט נאָר אין מויל;
עס איז א גרויל! —
דער גייסט
ווערט נישט געשפּייזט.

טוב שם משמן טוב (קהלת ז, א)

ווער עס האָט אַ גוטן נאָמען,
דעם איז גוט, דעם איז וואויל!
אַ גוטער נאָמען איז בעסער
ווי דער טייערסטער אויל!

אַל תהי צדיק הרבה ואַל תתחכם יותר (קהלת ז, טז)

זיי נישט קיין צדיק צופיל,
אַ חכם זיי מיט אַ מאָס
און מיט געפיל.

החכמה תעז לחכם (קהלת ז, יט)

די חכמה איז פאַרן קלוגן אַ פּראַכט;
די חכמה גיט אים מאכט.

חכמת אָדם תאיר פניו (קהלת ח, א)

**חכמה איז ליכט;**
**זי באַלייכט דעם קלוגנס געזיכט.**

---

בכל עת יהיו בגדיך לבנים ושמן על ראשך לא יחסר (קהלת ט, ח)

**זויבער זאָלן זיין**
**דיינע קליידער;**
**קיין אויל אויף דיין קאָפּ**
**זאָל נישט פעלן,**
**זאָלסט געפעלן.**

---

דברי חכמים בנחת נשמעים, מזעקת מושל בכסילים (קהלת ט, יז)

**קלוגע רייד פליסן געלאַסן, שטיל;**
**נישט ווי אַ ווילדער,**
**נאַרישער געפילדער; —**
**מיט האַרץ, מיט געפיל.**

---

הסכל ירבה דברים (קהלת י, יד)

**דער נאַר רעדט אַ סך, א גוואלט! —**
**דערקענט מען אים טאקע באלד.**

---

שלח לחמך על פני המים, כי ברב הימים תמצאנו (קהלת יא, א)

**שיק דיין ברויט אויפן וואַסער, ווייט —**
**דו וועסט עס געפינען מיט דער צייט.**

---

שומר רוח לא יזרע, ורואה בעבים לא יקצר (קהלת יא, ד)

**ווער עס פאַרנעמט זיך מיט ווינט,**
**דער וועט קיינמל נישט זייען;**
**ווער עס קוקט אין די וואָלקנס,**
**דער וועט מיט שניט זיך נישט פרייען.**

---

בבקר זרע את זרעך ולערב אל תנח את ידך (קהלת יא, ו)

**אין פרימאָרגן זיי דיינע זאָמען אין לאַנד,**
**און אין אָוונט, לייג אין בוזים נישט די האַנט.**

---

פינפטער טייל

# עפּאָס

שירת דבורה. (שופטים ה)
(פראַגמענט)

דבורה און ברקִ דער זון פון אבינעם,
האָבן יענעם טאָג אזוי געזונגען:
דער פיינט האָט געדריקט, דאס פאלק האט זיך פאַרטיידיקט
און ס׳איז צעשלאָגן דעם שונא געלונגען!

איך וועל זינגען צום גאָט פון ישראל,
פירשטן הערט זיך צו, מלכים — הערט!
גאָט, ווען ביסט פון אדם אַרויס —
האָבן געציטערט הימל און ערד!

אין דער צייט פון שמגר און פון יעל
זענען וויסט געוואָרן די וועגן:
מ׳איז געגאַנגען אַרום, אַרום —
דורך זייטיקע, קרומע שטעגן...

אומרו האָט אַלעמען באַהערשט אין די שטעט,
ביז ס׳איז אויפגעשטאַנען דבורה, אַ מוטער, א פראָפעט!

ק י נ ת   ד ו ד.  (שמואל ב, א)
(אויפן טויט פון שאול און יהונתן)

אָ, דו פּרעכטיק לאַנד פון ישראל,
ווי זענען דאָס אויף דיינע בערג געפאַלן
אונזערע העלדן, די פירער פון די אַרמייען!? —

זאָגט נישט אין גת, אין אשכלון דערציילט נישט,
זאָלן די טעכטער פון די פלשתים,
אויף אונזער אומגליק זיך נישט פרייען!

אָ, איר בערג פון גלבע, זאָל אויף אייך קיין טוי
נישט פאַלן און קיין רעגן, אויף אייך — שלאַכט-פעלדער!
עס איז פארבלוטיקט געוואָרן דער העלדן-פאַנצער
פון שאול, פון גאָט דער געזאַלבטער!

יהונתנס בויגן פלעגט נישט צוריקגעצויגן ווערן;
עס פלעגט קיינמאָל שאולס שווערד זיך ליידיק נישט אומקערן!

שאול און יהונתן, וואָס האָט זיי געקאָנט צעשיידן;
אפילו דער טויט האָט פאַראייניקט זיי ביידן!

---

ד ע ר   ו ו י נ ג אָ ר ט ן (ישעיהו ה)

איך וועל זינגען צו מיין פריינט,
מיין פריינט האט א וויינגאַרטן,
זיין וויינגאָרטן וויל איך באַזינגען.

מיין פריינט האָט זיין ווייַנגאָרטן אויסגעשטיינערט,
אַרומגעצוימט, אַ טורעמל אין מיטן געבויט,
געגראָבן אַ קעלטער און געהאָפט, ס׳וועט אים געלינגען.

געהאָפט האט מיין פריינט פון זיין ווייַנגארטן,
שיינע, זאפטיקע טרויבן צו זען;
האָט אים אָבער אפגענאַרט דער ווייַנגאָרטן,
ווי אַנטוישט איז ער געווען!

ווייסט איר דען נישט, ווער ס׳איז מיין פריינט? — גאָט!
און דער ווייַנגאָרטן — ישראל, וואָס היט נישט זיין געבאָט!

---

די עצמות יבשות (יחזקאל)
(טרוקענע ביינער)

גאָט האט מיך אין אַ טיפן טאָל אריינגעפירט,
איך קוק מיך אַרום, איך רוף, כ׳שריי,
עס הערט מיך נישט קיינער;
איך זע, אַרום, אַרום זיך פון אלע זייטן,
ביינער, ביינער, טרוקענע ביינער.

און גאָט האט צו מיר געזאָגט: —
— מענטש, קאָנען נאך אמאל,
אויפלעבן די ביינער אין טאָל?
— דו ווייסט, מיין גאָט!

איך זע, דערווייל פאַרגייט די נאַכט, עס טאָגט — — — —
כ׳הער, כ׳רעדט צו מיר גאָט און זאָגט:
— רעד צו די ביינער און זיי וועלן לעבן!
איך האָב צו זיי גערעדט,
געזונגען צו זיי מיין ליד,
און די ביינער האָבן זיך גערירט,
דערנענטערט זיך א גליד צו אַ גליד,
מיט פלייש זיך באַקליידט, מיט הויט זיך באַצירט,
אָבער איך זע: נישטא נאָך אין זיי קיין לעבן! — — — —

און גאָט האט מיר געזאגט:
רעד צום ווינט און ער וועט ברענגען גייסט.
איך האָב אזוי געטאָן, איך האָב גערעדט,
און איך זע: ווינטן פון אלע עקן וועלט
ברענגען גייסט. און עס האָבן די ביינער
אויף די פיס זיך געשטעלט
און זיי לעבן שוין, זיי לעבן!!

די טרוקענע ביינער, איז דאָס פאָלק ישראל,
האָט גאט געזאגט: —

אַ נייעם גייסט וועל איך זיי געבן!
אַ נ י י  ל ע ב ן !